

# פאָלקסלידער

פונ דער

# פאָטערלענדישער מילכאָמע

געזאמלט פונ
ש. קופערשמיד



אָגיז
מעלוכע פארלאג „דער עמעס" מאָסקווע 1944

# פאָלקסלידער

## וועגן דער פאָטערלענדישער מילכאָמע

געזאמלט פון

ש. קופערשמיד




אָגיז

מעלוכע-פארלאג „דער עמעס", מאָסקווע 1944

י. דאָברושין

# די ערשטע צוואַנציק

דאָ האַנדלט זיך וועגן די פאָלקסלידער אף דער טעמע פון דער פאַ־טערלענדישער מילכאָמע, וועגן די ערשטע צוואַנציק פאָלקסלידער, וואָס דער זאַמלער ש. קופערשמיד האָט אופגעקליבן אין די גדיכטעגישן פון די עוואַ־קויִרטע יִדישע פאָלקס־מאַסן. אין פאַבּריק, אפן וואָקזאַל און אין די באַנ־עשעלאָנען האָט דער זאַמלער, ש. קופערשמיד, געהערט און פאַרשריבן די אַלע לידער, וואָס דער פאָלקס־מענטש האָט באַשאַפן, אָפּרופנדיק זיך אף די גרויזאַמע געשעענישן פון דעם אופגעפלאַמטן פאָטערלענדישן קריג.

פאַרשיידן זײַנען די מענטשן, די פאַרפאַסער פון די אַלע לידער, אָבער דורכגעדרונגען זײַנען זיי אַלע מיט איין געפיל פון גרויסער ליבע און שרעק־לעכן האַס, — ליבע צום סאָוועטישן פאָטערלאַנד און האַס צו די פאַרפלוכטע פאַשיסטישע מערדער, וואָס זײַנען געקומען שענדן און דערמאָרדן פעלקער, אָפּנעמען באַם יִדישן פאָלק דאָס לעבן, אויסראָטן און פאַרניכטן די פּרײַהײַט־ליבנדיקע מענטשהײַט.

די אַלע לידער, וואָס זײַנען פאַרשריבן פונעם פאָלקס מויל, ריידן פון נעקאָמע, זיי אַלע רופן צו העלדישן טאַט, זיי רימען דעם געוואַגטן קריגער און מאָביליזירן דעם געדאַנק און באַוווּסטזײַן פונעם פאָלק. אין זיי אַלע אַנטפּלעקט זיך די גײַסטיקע קראַפט פונעם פאָלק, וואָס שלאָגט זיך אפן פראָנט און נעמט אָנטייל אין דער באַוואָפענונג פונעם פראָנט, העלפט מיט זײַן איבערגעגעבענער אַרבעט אינעם הינטערלאַנד.

פאַר דעם בלוט פאַרגאָסענעם און פאַרן יאַם קאָרבאָנעס —
נעקאָמע, בענטשיק, נעם פון זיי, טויט זיי אָן ראַכמאָנעס.
מײַנע כאַווערטעס מיט מיר האָבן זיך פאַרמאָסטן, —
דרײַ נאָרמעס אַרבעט איך מיר אויס אין אַ טאָג אַ פראָסטן.

ווי אין אַלע בעסטע פאָלקסלידער פון אַלע צײַטן, איז דאָ אויך צו זען די וווּנדערבאַרע קאָנקרעטקײַט און פּאַשטעס פונעם אויסגעדריקטן פאָלקס־ווונטש און פאָלקס־פאַרלאַנג. די אַלע לידער זײַנען געשאַפן געוואָרן אומיטל־באַר אין קאַמף און בײַ דער אַרבעט, עטעמען זיי מיט דעם הייסן אָטעם פון דער ווירקלעכקײַט. דער פאָלקס־פאַרפאַסער איז מערער פון אַלע דיכטער אַלייִן די טעמע פון זײַן „ליד", ער איז דער סוביעקט און אָביעקט פון זײַן שאַפונג,

און דעריבער טרעט דאָ ארויס די וואָר אזא בוילעטע, אזא שארף געצייכנטע און די פערזענלעכע געפילן, שטרעבונגען, שטימונגען און איבערלעבונגען פונעם שעפער איז נישט אָפּצוטיילן, נישט אָפּצורייסן פון די געדריכטעטע, אויסגעזונגענע טאט און האנדלונג.

פון דער היינטיקער מילכאָמע וויל איך לידער זינגען,
אז ס'זאָל די גאנצע וועלט מיט די לידער קלינגען,
ווי ס'איז פאָרגעקומען מיט יאשקע דעם אָדעסער,
אז ער האָט געשלאָגן זיך מיטן פייַנט אף מעסער.

נישט קיין סאך לידער אין דער דאָזיקער זאמלונג — און אזא פארשיידנ-ארטיקע טעמאטיק: לידער וועגן שלאכט און וועגן כורבן, וועגן מישפּאָכע און עוואקואציע, וועגן ארבעט אין היגטערלאנד, וועגן דער פארברידערונג פון פעלקער און וועגן היים, א ליד „א קלאָלע פון דער טויכעכע" און א ליד אפילע, וואָס הייבט זיך אָן מיט די שורעס: „און אז סע וועט זיך די מילכאָמע קאָנטשען און יעדערער וועט קומען אף זייַן אָרט", — די ליד, ווי סע לעבט אזא שטארקער גלויבן אינעם צוריק-אופבוי פון היים און היים-לאנד. טראגיק איבערגעפלאָכטן מיט אָפּטימיזם, שוידער און מוטיקייט — די ביידע צייכענען דעם וועג, דעם גאנג פון דער דאָזיקער ביז אהער אופגע-זאמלטער פאָלקס-דיכטונג.

די אלע אופגעזאמלטע צוואנציק לידער שטעלן מיט זיך פאָר גוטע מוס-טערן פון דער פאָלקסליד. גוט זייַנען זיי דערפאר, וואָס אין זיי איז אויס-געהיט די קינסטלערישע ספּעציפיק פון דער בעסערער מינדלעכער שאפונג. זיי זייַנען מייסטנס געבויט אפן רייד-ארט, אפן לעבעדיקן געשפּרעכמעסיקן רייד-שטייגער, ווי אויך אף די קלישירטע, פון דאָר צו דאָר וואנדערנדיקע, פאָלקלאָריסטיש-טיפּיזירטע אויסדרוק-פאָרמען. דאָס איז דאָך דער גרעסטער סימען, אז די לידער שטאמען פון דער פאָלקס-טיפ, א סימען, אז דער געדאנק און געפיל פונעם פאָלקס-פארפאסער איז פארבונדן מיטן קאָלעקטיוון געדאנק און געפיל, מיטן געדאנק און געפיל פון מאסן, און דעריבער הילכט אין זייַן ליד די רייד-אָנזאמלונג, די שפּראך-אויספורעמונג פון דורעס.

וואָס שטארקער די לירישע און עפּישע איבערלעבונג פונעם פאָלקס-פאר-פאסער, אלץ טיפער דרינגט ער אריין אינעם געשיכטלעך-אויסגעארמירטן רייד-שטייגער, ער ברענגט אין באוועגונג מערערע פלאסטן פונעם פאָלקס-זיקאָרן, ער נוצט אויס און דיכטעט איבער די אָנזאמלונג פון דער מינדלעכער פאָלקס-פּאָעטיק. אין יעדער ליד פון די, וואָס קופערשמיד האָט געזאמלט, איז צו זען, ווי סע ארבעט דער דאָזיקער פאָלקס-זיקאָרן, ווי סע ארבעט די טראַ-דיציע, וואָס דריקט זיך אויס סייַ אינעם אלגעמיינעם געבוי און כאראקטער פון דער ליד, סייַ אין דער פאראלעלער שילדערונג פון דער נאטור און אפילע אין דעם, ווי דער פאָלקס-דיכטער ברענגט אריין אין ליד קאָנקרעטע נעמען

אונ פאמיליעס — יאָשקע, אווראָמ, אווראָמ זאריצקי אונ אנדערע. דערבײַ איז וויכטיק צו באמערקנ, אז די פאמיליע זאריצקי פיגורירט שוינ אינ פאָלקס-לידער פונ 1905 יאָר.

ס'איז קלאָר, אז אינ גוטנ מוט, באַמ פּראָפעסיאָנעלנ דיכטער, לאָמיר זאָגנ, וואָלט אזא צאָל „אנטלײַונגענ“ אונ נאָכווייענישנ געבראכט צו בלויזער סטיליזאציע, נישט מער. אינ אָט די אופגעזאמלטע מילכאָמע-לידער האנדלט זיכ אָבער וועגנ דער סטיכיי פונ דער אופגעברויזטער פאָלקס-נעשאָמע, וואָס שעפּט וואָרט אונ פאָרמ אומעטומ אפ אלע לענגענ אונ ברייטנ, אפ אלע אפילע דורכגעגאנגענע וועגנ פונעמ פאָלקס שאפנ.

אונ נאָכ. מע דארפ דאָכ נעמענ אינ אכט, אז די אלע לידער זײַנענ, ווי אלע פאָלקסלידער, פארבונדנ מיסטאמע מיטנ געזאנגענ-נוסעכ, מיט דער פאָלקס-מעלאָדיק, וואָס ווערט געבוירנ באנאנד מיטנ וואָרט אונ סטראָפע. דערופ זאָגנ אײדעס סײַ די לידער, וואָס פארמאָגנ רעפרענענ — די וויגליד, ליד צו דער קאלע, — סײַ די פראכטפולע ליד וועגנ ווינט מיט דער רעפרענ-שורע „ווי-ווי-ווי“, וואָס איז קלאָר פארבונדנ מיטנ אויסגעזונגענעמ קלאנגענ-אויסדרוק. ווי אינ אלע פאָלקסלידער, איז אינ די לידער אויכ היפּש פארגעשטעלט דער אזויגערופענער קלאנגענ-שריפט. דער עפּיטעט „היצלעס“ בענעגייע צו די פאשיסטנ איז אויכ אינ די אלע לידער אופגעקומענ, אפאָנעמ, פונ דער קלאנגענ-נאָענטקײַט צומ וואָרט „היטלער“, ס'איז דאָכ גרײַלעכ צו באמערקנ, אז דער דאָזיקער אײנער אונ דער זעלבער עפּיטעט ווערט דאָ אזוי אָפּט געברויכט בא פארשיידענע פאָלקס-פארפאסער פונ פארשיידענע שטעט אונ געגנטנ.

אינ דער סאָוועטישער יידישער. דיכטונג, וואָס איז געווידמעט דער פאָטערלענדישער מילכאָמע, פלעכטנ זיכ ארײַנ פונ איצטער אָנ אָט די ערשטע אופגעזאמלטע צוואנציק פאטריאָטישע פאָלקסלידער, וואָס צייכענענ דעריקער די נײַע, די אויסגעוואקסענע סאָוועטישע קולטור-הייכ פונ די מאסנ. נישט אלע לידער זײַנענ פונ איינ קינסטלערישנ באדײַט, אָבער זיי אלע אנטפּלעקנ אונדז דעמ טיפנ אופגעוויגטנ פאָלקס-גײַסט, זיי אלע זײַנענ די בעסטע אײדעס, אז דאָס יידישע פאָלק איז מיט לײַב-אונ-לעבנ פארטאָנ אינעמ אויסראָטנ דעמ סוינע, אז נישט געקוקט אפ די שווערע בלוטיקע פלאָגנ, האָט דאָס סאָוועטישע יידישע פאָלק פארהיט די קראפט פונ שאפונג, פארהיט די גרויסע שעפערישע סאָוועטישע קראפט, וואָס געבירט די וווּנדערלעכע העלדישקײַט פונ די יידישע שלאכטלײַט.

# וויגליד

שלאָף, מײַן קינד, פאַרמאַך די אויגן,
כ׳זינג א ליד דיר צו,
ס׳איז א שטערן דורכגעפלויגן.
ליולינקע-ליוליו,
ליולינקע-ליוליו.

ס׳לאָזט דײַן טאַטע דיר גערישן
פונעם הייסן שלאַכט,
דו זאָלסט פון קיין שלעכטס ניט ווייסן,
ניט פאַר דיר געדאַכט.
ליולינקע-ליוליו, ליולינקע-ליוליו.

דער רויטייער און דער האַמען,
היטלער דער פאַשיסט, —
אויסגעמעקט זאָל זײַן דער נאָמען —
האָט די וועלט פאַרוויסט.
ליולינקע-ליוליו, ליולינקע-ליוליו.

פון דער וואַנט אין ברייטן ראַמל
קוקט א מענטש אראָפּ —
סטאַלין אינעם רויטן קרעמל
היט דײַן לעבן אָפּ.
ליולינקע-ליוליו, ליולינקע-ליוליו.

ס'איז דער הימל נאָך פאַרוואָלקנט,
ליולינקע-ליוליו,
קעגן סוינע פאָלק נאָך פאָלקן
גייען, זונעניו.
ליולינקע-ליוליו, ליולינקע-ליוליו.

דאָס איז אונדזערע גיבוירים
שלאָגן זיך געטרײַ,
זיי האָבן ביז טויט געשווירן
אומקערן די פרײַ.
ליולינקע-ליוליו, ליולינקע-ליוליו.

נעמען וועלן זיי נעקאָמע
אין די בייזע שלעק,
און סע וועט צו דער מילכאָמע
קומען גיך אן עק.
ליולינקע-ליוליו, ליולינקע-ליוליו.

היטלער וועט דעם קאָפּ פאַרלירן,
זײַן געביין כ'פאַרשעלט,
מיר וועלן באַנײַס פאַרפירן
אונדזער שיינע וועלט.
ליולינקע-ליוליו, ליולינקע-ליוליו.

מער וועט קיינמאָל שוין ניט קיינער
שטערן אונדזער רו,
שלאָף זשע, זונעלע, מײַן שיינער,
ליולינקע-ליוליו, ליולינקע-ליוליו.

מיילעך זאלצבערג, א בויער, 37 יאָר
אלט. (פּאָראָליע).

# א בריוועלע דער קאלע

אין דרויסן שײַנט די זון
און וואַרעמט א מעכײַע,
איך שרײַב צו דיר א בריוועלע,
קאלע, מײַן געטרײַע. (2 מאָל.)

היטלער האָט פארפירט די קריג,
און ס'איז א גרויסער פײַער.
אוי, אָט די מילכאָמע —
זי וועט אים קאָסטן טײַער. (2. מאָל.)

וווּ מע שטייט און וווּ מע גייט
טײַכן בלוט טוט רינען,
אין דעם גרעסטן פײַער
האָב איך דיך אין זינען. (2 מאָל.)

דער סוינע האָט באלאגערט אונדז
מיט מאכינעס — טאנקעס,
נאָר סע וועט אים העלפן
ווי א טויטן באנקעס. (2 מאָל.)

אז ס'האָבן זיך א נעם געטאָן
אונדזערע טאנקיסטן,
נו, האָבן זיי א פּאָרציע
געגעבן די פאשיסטן. (2 מאָל.)

די רויטע קאוואלעריע
איז אויך אַרײַן אינמיטן,
אָך, האָט מען דעם פאניע דײַטש
געבראָקט דאָרט און געשניטן. (2 מאָל.)

ווי די קליינע מורעשקעס
זײַנען זיי געפאלן,
קעפ זײַנען געפלויגן
פון די גענעראלן. (2 מאָל.)

אזוי איז דאָס געווען,
אזוי האָט זיך פארלאָפן.
שרעק זיך ניט, מײַן טײַערע,
מיך האָט ניט געטראָפן. (2 מאָל.)

נאָר ווען זשע וועט אן עק נעמען
צו דער גרויסער שכיטע,
און ווען וועט היטלער ליגן שוין
אין א שווארצער מיטע? (2 מאָל.)

היטלער האָט געמיינט
די מילכאָמע גיך געווינען,
נאָר זײַן וויסטן פסאק
וועט ער קאָשער זיך פארדינען. (2 מאָל.)

און אז איך וועל א גאנצער
ארויס פון דער סאקאָנע,
וועל איך דיר אהיים, מײַן גאָלד,
ברענגען א מאטאָנע. (2 מאָל.)

א גרוס פון סטאלינען
און א דאנק דער קאלע,
וואָס זי האָט געווארט אף מיר
לענגער נאָך פון אלע. (2 מאָל.)

מיילעך זאלצבערג, א בויער, 37 יאָר אלט.

# בענטשיק

איך שטיי אינ צעכ בא דער מאשינ,
ס׳פארגייענ די מעסלעסנ,
אינ מײַנ ליבנ בענטשיקנ
קאָנ איך ניט פארגעסנ. } 2 מאָל.

עס לויפט די ארבעט פונ די הענט,
אונ איך טו מיר קלערנ:
אפ דער מילכאָמע האָב איך אימ
ארויסבאלייט אָנ טרערנ. } 2 מאָל.

עס האָט פארשנייט שוינ אונ פארווייט
מיט גרויסע זאווערוכעס,
די פאשיסטנ טרייסלענ זיכ,
סע ווארפט זיי דאָס קאדאָכעס. } 2 מאָל.

כ׳האָב אופגענייט פאר בענטשיקנ
א ווארעמ פוטער-לײַבל,
פאר דעמ בראוונ שײנעמ יונג
זאָרגט זיכ דאָ זײַנ טײַבל. } 2 מאָל.

סײַ אינ קעלט אונ סײַ אינ היצ
די מערדערס וועט ער יאָגנ,
אונ ווו נאָר ער וועט טרעפנ זיי,
דאָרט וועט ער זיי שלאָגנ. } 2 מאָל.

פאר דעמ בלוט פארגאָסענעמ
אונ פאר דעמ יאמ קאָרבאָנעס —
נעקאָמע, בענטשיק, נעמ פונ זיי,
טויט זיי אָנ ראכמאָנעס. } 2 מאָל.

מײַנע כאַווערטעס מיט מיר
האָבן זיך פֿאַרמאָסטן, —
דרײַ נאָרמעס אַרבעט איך מיר אויס
אין אַ טאָג אַ פּראָסטן. } 2 מאָל.

אוי, דאָרט אַפֿ די פּאָזיציעס
שלאָגט מען זיך געפֿערלעך,
פֿאַר די העלדן אונדזערע
איז מיר גאָרניט שווערלעך. } 2 מאָל.

בא דער אַרבעט אינעם ראַט
לויפֿן די געדאַנקען:
אַפֿן פֿראָנט איז בענטשיק דאָך
דער ערשטער בא די טאַנקען. } 2 מאָל.

אין אַ כמאַרנעם טאָג איז ער
פֿון דער היים אַוועקגעגאַנגען,
צוריק וועט ער זיך אומקערן
מיט אָרדענעס באַהאַנגען. } 2 מאָל.

געהערט פֿון עסטער גרינשפּון, 19 יאָר אַלט, פֿון אָדעס, אַרבעטערן פֿון אַ קאָנדיטערײַ־פֿאַבריק.

## איך דאַרף ניט קיין בריליאַנטן

איך דאַרף ניט קיין בריליאַנטן,
קיין זילבער און קיין גאָלד,
כ'האָב רווענען געגומען,
ווײַל אים האָב איך געוואָלט.

אין דער היים אַ רימער
פֿונעם פֿערטן דאָר,

און אינ דער מילכאָמע
איז ער א מאיאָר.

זײַנ פּאָרטרעט — א שפּיגל,
בא מיר הענגט אפּ דער וואנט,
אוועק איז ער זיכ שלאָגנ
פארנ פּאָטערלאנד.

שיקט ער מיר פונ דאָרטנ
בריוולעכ אנ אנטיק.
די פאשיסטנ פּאלנ
טויטע פונ זײַנ שטיק.

לייענ איכ די בריוולעכ,
הער איכ דאָרט זײַנ שטימ,
ער זאָל מײַנ הילפ באדארפנ,
פלי איכ באלד צו אימ.

שרײַב איכ אימ אנ ענטפער,
זע איכ זײַנ געשטאלט,
טאָמער שלעכטס, כאָלילע,
ווערט מיר הייס און קאלט.

צוויי אָרדענס מיט מעדאלנ
טראָגט ער אפּ זײַנ ברוסט,
אינ דער קאוואלעריע
איז ער אלעמענ באוווסט.

מאנ מײַנער געטרײַער,
ניט בענק נאָכ מיר אהער,
וואָס מער דו הארגעסט פריצנ,
ליב האָב איכ דיכ מער.

געהערט פונ ליבע בערגאדינער, א מאָ־
דיסטקע, 23 יאָר אלט, פונ קאמענעצ־
פּאָדאָלסק.

## פון דער הײַנטיקער מילכאָמע װעל איך לידער זינגען

פון דער הײַנטיקער מילכאָמע װעל איך לידער זינגען,
אַז סע זאָל די גאַנצע װעלט מיט די לידער קלינגען,
װי ס'איז פאָרגעקומען דאָרט מיט יאשקע דעם אָדעסער,
אַז ער האָט געשלאָגן זיך מיטן דײַטש אַף מעסער.

װי ער האָט דערזען פאַר זיך די מערדערישע צורעס,
האָט ער באַלד געשװוירן זיך: זיי קורץ מאַכן די שורעס.
אײ, דײַטשוקעס, װאָס איר האַלט זיך פאַר אַ װאַזשנער קײלע!
פּאַסעס װעט מען פון אײַך שנײַדן, װי פון אַ נעװײלע.

פאַר די װיג-קינדער, װאָס איר האָט לעבעדיק באַגראָבן,
װעט איר, טרײפע היצלעס, אײַער אויסקומעניש האָבן,
װײַל איר האָט די שײנע שטעט װיסט געמאַכט און כאָרעװ, —
פאַרן לעבן אײַערן בין איך זיך ניט אָרעװ.

דרײַ מעסלעס געהאָגלט האָט דורכאַנאַנד מיט פײַער,
יאשקע האָט ניט אויסגעלאָזט אָן אַ קויל זײַן שפּײַער.
ער האָט די פאַשיסטן — אָך! גענעריקט אָן אַ שטײגער,
אַף דער ערד געפאַלן איז אַ פּײגער לעם אַ פּײגער.

יאשקע האָט דאָך נאָר געװאָלט זײַן פּאָטערלאַנד באַשיצן,
האָט ער אָן ראַכמאָנעס זיך צערעכנט מיט די פּריצן —
היטלערן אַ מוסער דאָ זיך אָראָפּצונעמען,
יאשקעס נאָמען װעט אַף אײביק רימען זיך און שעמען.

געהערט פון בערטע פלאַקסמאַן, זשיטאָמיר.

## אװראָם זאַריצקי

אוי, די מײַסע זאָל די סאָנים ניט פאַרדריסן,
פון אװראָם זאַריצקין דאַרפן אַלע װיסן.
װיאַזוי ער האָט באַ אונדז אַש דער מילכאָמע
אײנמאָל זיך דערלעבט אין סוינע אַ נעקאָמע.

ווען סע איז געקומען אינעם רעכטן פײַער,
האָט ער גאָר זײַן לעבן ניט געהאַלטן טײַער.
ער האָט ניט געקאַרגט דעם פּולעמיאָט קיין קוילן,
אַז סע זאָל אין דר׳ערד וואָס מער פאַשיסטן פוילן.

פּלוצלינג זײַנען די באַנדיטן אָנגעלאָפן
און אַליין אוורמען בא דער האַנט געטראָפן,
האָט ער באַלד דערקענט די היטלערשע טאַליאָנים —
ווי איז צו דער מאַמען מיט אַזוינע באָנים.

„אוי, ס׳איז דאָך די מערדער פון מײַן ווײַב און קינדער,
דאַרף מען זיי די שטראָפן אָנטאָן וואָס געשווינדער".
ער האָט זיך געראַנגלט איינער קעגן פירן,
ווער אַפ זײַנע הענט ס׳קומט — מוז דעם קאָפּ פאַרלירן.

נו, האָט זיי אוורם אַרײַנגעטיילט די גאָבן —
אַלע מערדערס זאָלן אַזאַ סאָף שוין האָבן.
וואָס אַפ דער מילכאָמע קאָן זיך עס פאַרלויפן —
איז קעדײַ דערציילן אין אַ גוטן אויפן.

געהערט פון בוזיע טענענבוים, 23 יאָר אַלט, אַ מערדשוועסטער פונעם נ־ער עוואַ־קאָשפּיטאָל.

## טשירק־טשיריק

— טשירק־טשיריק, טשירק־טשיריק! —
פליט אַ פייגעלע איבערן בריק.
שטייט אַ הויז אינמיטן קאָן,
קלאַפּט עס אין אַ פענצטער אָן.

— ווי קומסטו דאָ אין האַלבער נאַכט?
— איך האָב אַהער אַ גרוס געבראַכט.

ווּ סע דונערט און סע בליצט —
פונעם שלאַכט־פעלד קום איך איצט.

— זאָג זשע, פייגעלע, געשווינד,
וואָס דו ווייסט דאָ פון מײַן קינד,
צי ס׳האָט ניט קיין ביין געשען,
צי כ׳וועל אים אַמאָל נאָך זען?

— טשירק־טשיריק, טשירק־טשיריק,
דיר צו מאַזל און צו גליק,
דײַן זון דאָרט איז געזונט און שטאַרק,
ער שלאָגט דעם סוינע אינעם קאַרק,

ער וועט אַהיים קומען אַ העלד,
ס׳וועט דיר מעקאַנע זײַן די וועלט.
טשירק־טשיריק! טשירק־טשיריק! —
— פלי זשע, פייגעלע, צוריק.

כ׳שיק מײַן בראָכע דיר, מײַן זון,
דו ווייסט אַליין, וואָס האָסט צו טון:
די היצלערס ביזן סאָף דערשלאָג,
נאָך דער נאַכט וועט קומען טאָג.

איך וואַרט שוין אַפ דער גוטער שאָ
דיך זען אַ לעבעדיקן דאָ.
פאַר די ווייטעקן און פּײַן
וועסט אַ טרייסט דײַנ מאַמען זײַן.

געהערט פון ליובע בערנאַדינער, אַ מאָ־
דיסטקע, 23 יאָר אַלט. פון קאַמענעץ־
פּאָדאָלסק.

# קלינג-קלאנג

קלינג-קלאנג! גלינ-גלאָנ!
אפ א גרויסער סטאנציע
שטייט אנ עשעלאָנ,

עס לויפנ אומ דאָרט ווינטנ,
ווייענ זיי פארשײַט;
„ווער זײַנענ די יונגענ,
וואָס קומענ אָנ פונ ווײַט?

וואָס שמייכלענ זיי צו אונדז?
וואָס גריסנ זיי זיכ הײַנט?
צי ס'איז ·ווילע מענטשנ,
צי ס'איז גוטע-פרײַנט?

גיט זשע מיר אנ ענטפער,
ווּהינ איז אײַער וועג
אונ ווי וועט איר פארהאלטנ זיכ
די וואָכנ אונ די טעג?"

האָבנ זיי זיכ אָנגערופנ
אלע אינ איינ קאָל:
„מיר טראָגנ אפ זיכ איצטער
גאָר א גרויסנ אָל.

מיר זײַנענ רויטארמייער,
סטאלינס טרײַע זינ.
מיר פאָרנ אפ די פראָנטנ,
מיר אײַלנ זיכ אהינ.

דער בייזער סוינע היטלער
האָט אונדזער לאנד פארוויסט.


J 136—2

מיר וועלן ניט פֿאַרשווײַגן
דעם בלוטיקן פֿאַשיסט.

מיר וועלן אים אַראָפּטרײַבן
פֿון אונדזער פֿעטער ערד
און אײַנגאַנצן אויסראָטן
מיט פֿײַער און מיט שווערד".

„אַ דאַנק אײַך, מײַנע ברידערלעך,
פֿאַר אײַערס אַ גוט וואָרט".
„מיר אײַלן זיך, מיר אײַלן זיך
צו קומען אפֿן אָרט".

„זײַט זשע מיר געבענטשט דאָ,
בראַווע כעווערלײַט,
אַ גוטע רײַזע ווינטש איך אײַך,
און הײַעט ניט קיין צײַט,

זײַט געזונט און פֿאָרט געזונט
אַהינצו און צוריק,
אַהיים זאָלט איר זיך אומקערן
מיט מזל און מיט גליק.

געהערט פֿון בערטע פֿלאַקסמאַן, 26 יאָר אַלט. פֿון זשיטאָמיר, אַן אַרבעטערן פֿון טריקאָטאַזש-אַרטעל.

## אוי, וואָס איז כמורנע הײַנט אין וואַלד?

אוי, וואָס איז כמורנע הײַנט אין וואַלד?
וואָס נויגן זיך די צווײַגן?
וואָס זשומען ניט די פֿייגעלעך? —
זיי נורען זיך און שווײַגן.

באם וועג אונטער א בערגעלע,
ארום א דעמב אנ אלטנ
איז אינ א פרישנ קייווער דאָרט
א יונגער העלד באהאלטנ.

ווענ מיר האָבנ דעמ וויסטנ פּײַנט
פונ אונדזער לאנד געטריבנ,
איז ער פארטײַעט אפּ זײַנ פּאָסט [1]
אינ פּײַער שטייג געבליבנ.

א בייזע קויל האָט אימ דאָס הארצ
אפצווייענ שוינ צעריסנ,
אונ פארנ טויט האָט ער פארזאָגט:
„מײַנ מוטער גיט צו וויסנ!

אָ, מאמע טײַערע, ניט וויינ
אפּ מײַנע יונגע יאָרנ,
איכ האָב זיי ניט פארשפּילט אומזיסט,
ניט אומגערנ פארלאָרנ.

דער היטלער מיט די בלוטצאפּערס
א סאמ איז פארנ מענטשנ,
אונ ווער סע טוט זיי אויסראָטנ, —
זײַנ נאָמענ וועט מענ בענטשנ".

פארשריבנ פונ סיאָמע גאָלדשטיינ, א פארוווּנדעטער רויטארמייער, אנ אינ-וואליד פונ דער פּאָטערלענדישער מיל-כאָמע.

[1] פּאָסטנ.

# איי, איר ווינטן־ווינטעלעך

— איי, איר ווינטן-ווינטעלעך,
פונוואנען האָט עס אײַך פארווייט
און וואָס ברומט איר שטילערהייט? —

ענטפערן די ווינטעלעך,
מאכן זיי אזוי:
— ווי-ווי-ווי, ווי-ווי־ווי —
ס'האָט פארווייט אונדז פון גאָר ווײַט,
אזש פון דער מילכאָמע-זײַט. —

— איי, איר ווינטן-ווינטעלעך,
וואָס האָט אײַך אהער באשערט
און וואָס האָט איר געזען, געהערט? —

ענטפערן די ווינטעלעך,
מאכן זיי אזוי:
— ווי-ווי-ווי, ווי-ווי-ווי —
דאָרטן, ווו דער סוינע שטייט,
קלאָגט און יאָמערט קינד-און-קייט,
ניט געזייט אין פעלד קיין ברויט,
אָן א קאָסע שנײַדט דער טויט. —

— איי, איר ווינטן-ווינטעלעך,
וואָס זשע האָט איר זיך פארטראכט,
וווהין ציט איר קעגן נאכט? —

ענטפערן די ווינטעלעך,
מאכן זיי אזוי:
— ווי-ווי-ווי, ווי-ווי-ווי —
ציִען־ציִען מיר צום אָרט,
ווו דעם סוינעס היים איז דאָרט,

מירן אָנשיקן א קעלט,
אז ס'זאָל וויסט אים זײַן די וועלט. —

— יאָ, איר ווינטן-ווינטעלעך,
יאָגט זשע באַלד אוועק אהין,
ברענגט דאָרט אום דאָס בייזע מין.

גע‎הערט פון בוזיע טענענבוים, א מער-
שוועסטער פונעם נ־ער עוואקאַשפיטאָל.

## א שטורעם־ווינט

א שטורעם-ווינט, א שטורעם-ווינט
מיט דונערן און בליצן,
אפ דער וועלט וועט ווערן שטיל,
אז מ'וועט אויסניזשען[1] די פריצן.

א שלאַקסרעגן, א שלאַקסרעגן,
פאַרטרונקען אַלע וועגן.
ווי לאַנג ס'וועט קויען[2] דער פאַשיסט,
וועלן זײַן געשלעגן.

א האָגל פאלט, א האָגל פאלט
פון פײַער, פעך און שוועבל,
ביזוואַנען היטלער אָטעמט נאָך,
ניט ניכע איז דאָס לעבן.

דער מאבל גיסט, און גיסט, און גיסט,
די כמארעס אָנגעצויגן,
ווען ס'וועט פארשווענקען אלע שלעק,
וועט ארויס דער רעגנבויגן.

געהערט פון אבע שטיינבערג, א קא-
מאַשן־שטעפער פון בערדיטשעוו.

1 אויסניזשען — אויסראָטן.
2 קויען — גליִען.

# אויסגעלאָשן אלע שטערן

אויסגעלאָשן אלע שטערן,
ס׳גייט א שטורעם אפן יאַם,
טרוקן איז דאָס אויג פון טרערן,
נאָר אין הארצן ברענט א פלאַם.

כ׳האָב אלע ליבסטע אָנגעווירן,
און מיין שטאָט איז שוין פארברענט.
כ׳בין איצט הויל ווי פון געבוירן,
מיט א זויג-קינד אַפ די הענט.

וואָס זשע זאָל איך זיך פארקלאָגן,
צי ס׳וועט העלפן מיין געשריי?
כ׳קאָן שוין ניט אליין פארטראָגן
אי מיין צאָרן אי מיין וויי.

ווען מיין קינד וועט עלטער ווערן,
וועט ניט אָפגיין נאָך מיין קאַס,
כ׳וועל אים מיט מיין מויל פארשווערן:
אייביק — אייביק טראָגן האַס.

דו זאָלסט, קינד מיינס, גוט באנעמען,
וואָס אזוינס איז דער פאשיסט,
זאָלסט פון מיר א ביישפיל נעמען,
ווי ער האָט מיין וועלט פארוויסט.

ביז דער היצעל וועט דערווײַלע
נאָך געוועלטיקן אַפ דר׳ערד,
טאָר מען, זונעניו, אַפ קיין ווײַלע
ניט אוועקלייגן די שווערד.

ס׳וועלן אונדזערע אים שלאָגן,
ווו ער וועט נאָר שטיין און גיין,
כ׳וועל אַפּ קינדס-קינדער פאַרזאָגן
צו פאַרשעלטן זײַן געביין.

— געהערט אינעם עשעלאָן קוּיבּישעוו —
טאַשקענט, אָקטיאַבּער 1941 יאָר.

## אַ קללה פון דער טויכעכע שרײַ איך אַרויס

אַ קללה פון דער טויכעכע שרײַ איך אַרויס,
אַפּ היטלער דעם בלוטצאַפּער גיס איך זי אויס.
אַזויווי דו האָסט אונדז דאָס לעבן געטויט,
אַזוי זאָל מען פּיצלעכווײַז שנײַדן דײַן הויט.

אַפּ דיר און אַפּ דײַניקע, וואָס אין דײַן לאַנד,
זאָל קומען אַ פײַער, זאָל טרעפן אַ בראַנד.
עס זאָל פון די שטעט דײַנע ווערן טיל-טעל, —
אַז גאַנץ זאָל ניט בלײַבן קיין איינציקע שוועל.

און גיין אין דער פרעמד זאָלט איר זוכן אַ דאַך,
און קיינער זאָל גאָר ניט פאַרשטיין אײַער שפּראַך.
ווײַל איר האָט אַפּ אונדזערן כורבן געקוועלט,
אַרומשלעפּן זאָלט איר זיך איבער דער וועלט

מיט זין און מיט טעכטער, מיט מאַן און מיט ווײַב,
ווי בעטלערס אַזוי, אָן אַ קלייד אַפּן לײַב.
און ווו איר וועט אָפּשטעלן זיך אַפּ אַן אָרט,
זאָל יעדער מיט שטיינער פאַרוואַרפן אײַך דאָרט.

און ווו איר וועט גיין, זאָל אײַך נאָכגיין דער טויט,
און אויסגיין זאָלט איר ערגעץ הינטער אַ פּלויט.
דײַן פאָלק זאָל געפּרוּווט זײַן צו פילן דעם טאַם,
ווי קינדער צו שמירן די ליפּן מיט סאַם,

ווי אייפּעלעך קוילען באַ מוטערשער ברוסט,
דערפאַר וואָס ס'האָט אײַך אונדזער בלוט זיך געגאָסן.
דו היצעל! פאַר אונדזער-אַ בראָך, פאַר דער שאַנד
זאָל קיינמאָל קיין קיום ניט האָבן דײַן לאַנד.

געהערט פון מענדל שפּיגעל, ראַטנ-
אַנגעשטעלטער פון פּראָסקוראָוו.

## דינסטיק פאַרנאַכט איז מײַן כופּע געווען

דינסטיק פאַרנאַכט איז מײַן כופּע געווען,
שאַבעס גאַנצפרי איז דאָס אומגליק געשען,
די היצלעס געפירט האָבן אונדז צו דעם טויט,
די וואַסער אין טײַך איז פון בלוט געווען רויט.

מע האָט ניט געשוינט ניט קיין אַלט, ניט קיין יונג,
באַם פאָטער ארויסגעריסן האָט מען די צונג,
די מוטער דערדושעט אין הויף אַפן מיסט
און אָפּגעהאַקט דאָרט באַ די שוועסטער די בריסט.

מײַן מאַן האָט מען שפּילן געגוויט אַף דער פלייט,
מע האָט אים באַגראָבן, אוי, לעב'דיקערהייט.
דער מאַלעכהאַמאָוועס האָט כויזעק געמאַכט,
אַ מיסע-מעשונע האָט ער אונדז געבראַכט.

איך בין מיטן לעבן אַרויס דורך אַ נעס:
איך האָב זיך פאַרטײַעט אין גרוב פאַר אַ מעס,
אַ וויסטע אַלמאָנע בין איך שוין אַצינד,
און אונטער מײַן האַרצן נאָר טראָג איך אַ קינד.

געהערט אינעם שטעטל קוביבשעוו —
טאַשקענט, נאָיאַבער 1941 יאָר.

# אוי, פינעף אזייגער פאַרטאָג

אוי, פינעף אזייגער פאַרטאָג
האָט אויסגעבראָכן דער צאָרן,
נאָך איידער די זון איז ארויס,
זיינען מיר ניזועק געוואָרן.

פון א פרעמדן לאנד, אוי וויי!
זיינען די היצלעס אָנגעפלויגן,
קליינע אייפּעלעך געשאָכטן
פאר די מוטערס אין די אויגן.

ווי דעם סקאָט, האָט מען געטריבן
מענטשן פון די שטיבער
און זיי לעבעדיקערהייט
באַגראָבן אין די גריבער.

ייִדישע טעכטער, אוי וויי,
געשטעלט האָט מען צו שאנדע,
ס׳האָט אזוי געהייסן היטלער,
היטלער מיט זיין באנדע...

וואָס זשע האָט איר, ראָצכים,
צו אונדזערער נעשאָמע?
גאָטעניו, וואָס שווייגסטו
און נעמסט ניט קיין נעקאָמע?

אין סאָוועטן-לאנד
געלעבט האָט מען ווי מענטשן,
ביז סע איז געקומען
דער גאזלען אין די הענטשן.

אזא שיינע וועלט
האָבן מיר פארלאָרן,

די נעשאָמעס אין די הענט,
גלײַכער ניט געבאָרן.

אפֿן גרויסן יאַם
איז אַ שיף געטעטאָנען.
גוטע מענטשן דאָרט, דערהערט
אונדזער רוף פֿונדאַנען.

גיט אַ קוק אפֿ אונדזער בראָך,
עס העלפֿט גאָר ניט קיין קלאָגן.
ס׳איז די גרעסטע מיצווע דאָך
היטלערן דערשלאָגן.

— געהערט אינעם עשעלאָן קוייבישעוו —
טאַשקענט, אָקטיאַבער 1941 יאָר.

## הערט מיך, ליבע מענטשן, אויס

הערט מיך, ליבע מענטשן, אויס,
אַ קורצינקע געשיכטע,
איך וועל לאַנג אײַך ניט פֿאַרהאַלטן
און דערציילן דאָס געדיכטע:

עס האָט געלעבט אַ פּראָסטער ייִד
בײַ אונדז אפֿ דער אוקראַיִנע
מיט זײַנע פֿינעף קינדערלעך
און זײַן ווײַבל ברײַנע.

געלעבט זיך גוט, געלעבט זיך וויל,
אין נאַכעס און אין קאָוועד,
אַ שיינעם נאָמען האָט פֿאַרמאָגט
דער שטילער אווראָם-דאָוויד.

איז דער היטלער דאָרט אַרײַן —
אַ בראָך צו זײַנע יאָרן —

און געהייסן אויסשטעלן
א שטיבל פון איין גאָרן.

אָן א טיר און אָן א פענצטער,
ניט רירן מיט קיין אייווער,
האָבן זיי אפגיכ געמאכט
א שטיבעלע א קיווער.

מיט די הענט די אייגענע
די נאסע ווענט געשאָבן,
און מ'האָט לעבעדיקערהייט
זיי אהין באגראָבן.

אָן א נאָמען, אָן א צאם,
ניט קיין שום לעווײַע.
נעמט זשע, ברידער, זיכ אראָפ
פון דערפון א רײַע.

ווען מע גייט דאָס אָרט פארבײַ,
לאָזט א קאָל זיכ הערן:
— נעקאָמע נעמט! נעקאָמע נעמט!
איר זאָלט זיכ דאָ פארשווערן.

אונדזער צאָרן, אונדזער ווײ
זאָלט איר פארגעדענקען
און דעם היצעל דעם פאשיסט
די בײזע שטראָפ ניט שענקען.

— מײַן געשיכטע, גוטער־פרײַנט,
קריצט זיכ אײַן אין הארצן,
אז דעם אָנדענק וועגן זיי
זאָלט איר ניט פארשווארצן.

— געהערט אינעם עשעלאָן קויבישעוו
טאשקענט, אָקטיאבער 1941.

# דער עשעלאָן איז גרייט...

דער עשעלאָן איז גרייט, מיר אײַלן באַלד אַוועק.
אָ, גיכער, גיכער, גיכער אַנטלויפֿן פֿון דער שרעק.
דער גאַזלען שאַרפֿט זיך שוין אָפּ אונדז דאָ זײַנע ציין,
ער קוקט פֿון לאַנג שוין אָפּ אונדז אַלעמען אַרויס.
אַדיע, מײַן שטעטעלע, מײַן סעדל און מײַן הויז.
דאָס גאַנצע האָב-און-גוטס געלאָזט אָפּ גאָטס באַראָט,
ס'איז קיינער ניט פֿאַרבליבן, סע פֿאַרט די גאַנצע שטאָט.
די רעדער קלאַפּן בייז, אין מויעך דרייט,
מיר לויפֿן ראַטעווען זיך פֿונעם טויט. } 2 מאָל.

צי דען, אוי, וועלן מיר די היים ניט אָנזען מער,
צי וועלן מיר זיך ווידער אומקערן אַהער?
צי איז אָפּ שטענדיק שוין די זון פֿאַר אונדז פֿאַרשטעלט,
צי וועלן מיר אַמאָל נאָך וויסן פֿון אַ וועלט?
אָ, יאָרעלעך, איר יאָרן, וווהין האָט איר פֿאַרפֿירט,
אַז אָפּ דער ערד האָט פֿרײַ דער מערדער זיך שפּאַצירט?
פֿאַרוואָס האָט מען אים ניט געהאַלטן אָפּ אַ קייט,
ניט אָפּגעצאַמט די וועגן, וווּ אַ מענטש דאָרט גייט?
די רעדער קלאַפּן בייז, אין מויעך דרייט,
מיר לויפֿן ראַטעווען זיך פֿונעם טויט. } 2 מאָל.

אַצינד איז קעגן סוינע אַרויס דאָס גאַנצע פֿאָלק,
מע טרײַבט און מע יאָגט אים, מע שלאָגט אים מיט אַ טאָלק,
אין אונדזער לאַגער קומען די גיבורים צו,
זיי ווייסן ניט פֿון מידקייט, זיי דאַרפֿן ניט קיין רו.
און יעדערער פֿון זיי זײַן כעזשבן גוט געדענקט:
סע וועט פֿאַר אונדז דעם טאַליען גאָרניט זײַן געשענקט.
ער וועט פֿאַרכלינען זיך אין בלוט איבערן האַלדז
און וועט באַצאָלן אונדז, באַצאָלן אונדז פֿאַר אַלץ.

די רעדער קלאפּן בייז, אין מויעך דרייט,
מיר וועלן אײַנברעכן דעם מ׳סן טויט. } 2 מאָל.

גערערט פון דאָוויד ריווקין, א בוכ-
האלטער פון טשערקאס (אוקראַינע).

## ארום דעם שטעטל הויך צעוואקסן

ארום דעם שטעטל הויך צעוואקסן
האָט זיך שוין דאָס קאָרן,
פון מײַן היים פארוואָגלט,
אוי, פארוואָגלט כ׳בין געוואָרן.

טיר און טויער צו דעם שליאכ-צו
איז געשטאנען אָפן,
פון דעם מערדערישן היטלער
זײַנען מיר געלאָפן.

מײַן פאָטער האָט די שטוב זײַנע
פינעף יאָר געבאָוועט,
מײַן מוטער האָט געפעסטעט אונדז,
געקעכלט און געכאָוועט.

זיבן קינדער אופגעצויגן
האָט מען אונדז צוזאמען,
איצטער זײַנען מיר צעזייט דאָך
איבער שיווע יאמען.

ווּ זשע זײַט איר, מײַנע פרײַנט,
ברידערלעך און שוועסטער?
דעם, וואָס איך האָב אָנגעווירן,
דער איז דאָך דער בעסטער.

ס׳ווײַנט דאָס הארץ מיר נאָך דער היים,
סע גייט מיר אויס פון בענקען,

ווער וועט מיר א טרייסטונג
אין מײַן עלנט שענקען?

איך וועל גיין אין אלע גאסן
מענטשן אָנצוקלײַבן —
לאָמיר נעמען זיך איינינעם
דעם סוינע צו פֿארטרײַבן.

כ'וועל נאָך הילף דאָרט רופֿן,
אלע זאָלן הערן:
די היים מײַנע, די היים מײַנע
אופגעריכט מוז ווערן!

געהערט פֿון מײלעך זאלצבערג, 37 יאָר
אלט, א בויער פֿון פּאָדאָליע.
פֿארשריבן זומער 1942.

## און אז סע וועט זיך די מילכאָמע קאָנטשען

און אז סע וועט זיך די מילכאָמע קאָנטשען
און יעדערער וועט קומען אף זײַן אָרט,
מיט די פֿרײַנט און אלטע גוטע-ברידער
וועלן מיר באנײַס צונויפֿקומען זיך דאָרט.

די הוילע שטיינער וועלן מיר א קוש טאָן
און אָנטראָגן די ציגל און די ליים,
אף צעפּוקעניש דעם בייזן סוינע
וועלן מיר זיך אופֿבויען די היים.

פֿאר דער ארבעט וועלן זיך א נעם טאָן
יונג און אלט צוזאמען, גרויס און קליין,
און אפֿן אָרט פֿון די פֿארוויסטע כורוועס
וועלן ווידער נײַע הײַזער שטיין.

ס'וועלן קומען נאָך די גוטע צײַטן,
און נאָכאמאָל ווֹעט אופשײַנען די וועלט,

שיינ און גוט וועט ווידער זיינ דאָס לעבנ
פאר יעדערנ, אזוי ווי אימ געפעלט.

אוי, ווי דערלעבט מענ זיכ איינעמ טאָג שוינ
און ווי דערוואַרט מענ זיכ שוינ די מינוט,
אז סע זאָל היטלער די מאפּאָלע קריגנ,
מיר זאָלנ זיכ שוינ קילנ אונדזער בלוט.

געהערט פונ אווראָמ סאפּאָזשניקאָוו, א
שנײַדער פונ טשערקאס, 32 יאָר אלט.

## יידנ, רוסנ, אוקראינער

יידנ, רוסנ, אוקראינער,
פוילנ, טאָטערנ, גרוזינער,
נעמט פארקאטשעט ביידע הענט,
שלאָגט דעמ דײַטש, ווי ווײַט איר קענט.

אלטע לײַט און יונגע קינדער,
קעגנ קאצעוו, קעגנ שינדער,
קעגנ היטלערנ דעמ הונט —
שאנעוועט ניט דאָס געזונט.

פונ סיביר ביז אוקראינע
פלאקערנ זאָל אײַער סינע,
וויפל קויעכ איר פארמאָגט,
טויט דעמ היצעל און דערשלאָגט.

מײַמעסט אימ אפ אלע וועגנ,
ער זאָל אופשטיינ ניט דערוועגנ,
לאָזט ניט קומענ אימ צומ שטאנד,
טרײַבט דעמ סוינע פונעמ לאנד!

געהערט פונ אבע שטיינבערג, א קא-
מאשנ-שטעפער פונ בערדיטשעוו, אנ
אינוואליד.

# אינהאלט



НАРОДНЫЕ ПЕСНИ

ОБ ОТЕЧЕСТВЕННОЙ ВОЙНЕ

СОБРАНЫ

Ш. КУПЕРШМИДОМ.


Редактор — И. Добрушин Обложка — Г. Ингер.

Л 53003. Подписано к печати 12/V-1944 г. 1 п/л. $1^1/_2$ уч.-изд. л. Тираж 5000. Зак. 1136.

Типография Госэнергоиздата, Москва, Шлюзовая наб., 10.

2 руб.



# НАРОДНЫЕ ПЕСНИ

## ОБ ОТЕЧЕСТВЕННОЙ ВОЙНЕ

собрано

С. КУПЕРШМИДОМ

Госиздательство „Дер Эмес“
Москва, Старопанский пер., 1

